№ 6.

ביכער פאר אלע

# גרינס אויף שבועות

(א מעשה פאר יודישע קינדער).

פון

## שלום-עליכם

פרייז 5 קאפ.

פערלאג „ביכער-פאר-אלע”, ווארשא, דלוגא 26.

ווארשא, תרס"ה.

# ГРИНСЪ АФЪ ШОВУЕСЪ

т. е. „Зелень на праздникъ“

Разсказъ для дѣтей.

соч. Шалемъ-Алейхема.



Изданіе „Бихеръ-фаръ-алэ“

Варшава, Долгая 26.

ВАРШАВА

„Издательская Типографія“, Панская 20.

1905.

# גרינס אויף שבועות.

(אַ מעשה פאַר יודישע קינדער).

פון

## שלום-עליכם.

I.

ערב שבועות האָב איך אויסגעביטען בײ דער מאַמע עליה שלום, איך זאָל מיר אליין געהן אונטערען שטאָדט אָנרייסען און ברײנגען אַהײם גרינס אויף שבועות.

אונ די מאַמע האָט מיך געלאָזט איינעם אַליין געהן אונטערען שטאָדט, אָנרייסען און ברײנגען אַהײם גרינס אויף שבועות. לאָז זי האָבען דער פאַר אַ ליכטיגען גן עדן.

איין אמת'ע נסיעה קאָן מען אָנרופען נאָר די נסיעה, וואָס אַ מענש מאַכט איינער אַליין, אָהן חברים, אָהן אַ שום איבערשלאָג. איך בין מיר איינער אַליין, אַ פרײ פייגעלי, אין דער גרויסער ברייטער וועלט; איבער מיר איז די גאַנצע גרויסע בלויע יאַרמעלקע, וואָס מע רופט זי „הימעל; מיר איינעם אַליין לייכט די שענע ליכטיגע טאָג-

מלכה, וואָס מע רופט זי „זוּן"; פון מיינעטוועגען אַליין האָבען זיך עס צעגויפגעקליבען דאָ אין פרייען פעלד די אַלע זינגערס, מיט אַלע פייפערס מיט אַלע שפּרינגערס, אונ נאָר צוליב מיר אַליין האָט זיך צענומען די שמעקענדיגע רויז, צעשפּרייט דער לאַנגער, דער געלער „סאָנישניק", צעצוויקעלט און צעשפּרענקעלט דאָס גאַנצע ברייטע פעלד מיט אַלע אַנטיקלעך פון דער מילדער נאַטור, קיינער קוועטשט מיך ניט, קיינער שטערט מיר ניט, קיינער זעהט מיך ניט, אַהיץ גאָט, אונ איך קאָן מיר טהון וואָס איך וויל: וויל איך — זינג איך מיר אַ שעָנעם „כְּבַקָרַת", וויל איך — שריי איך משוגע'נער־ווייז אונ רייס זיך אויפ'ן האַלז, וויל איך — לעָג איך צונויף די האַנט ווי אַ שופר אונ בלאָז מיר אַ „תְּקִיעָה גְדוֹלָה" אונ שפּיעל מיר אַ „טרובאַטש", וויל איך — טהו איך מיך גאָר אַ וואַלגער ווי איך שטעה אונ געה אויפ'ן גרינעם גראָז אונ קאַטשע מיך אויף אַלע זייטען ווי אַ לאָשעקל, ווער וועט מיר זאָגען אַ דֵעָה אונ וועמען הער איך? איך בין פרייה! איך בין פרייה!

דער טאָג איז געווען אַזוי וואַרעם, די זון אַזוי שען, דער הימעל אַזוי לויטער, דאָס פעלד אַזוי גרין, דאָס גראָז אַזוי פריש, אונ אויפ'ן האַרצען איז מיר געווען אַזוי גרינג אונ אויף דער נשמה אַזוי גוט, אַז איך האָב גאָר פערגעסען, אַז איך בין דאָ אַ ווילד פרעמדער אונ אַז איך בין אַרויסגעקומען אַהעָר צו־אָנרייסען גרינס אויף שבועות, אונ האָב מיר פאָרגעשטעלט, אַז איך בין דאָ אַ מוֹשל, אַ פּרינץ, אונ דאָס גאַנצע פעלד, וואָס מיין אויג האַפּט אַרום, מיט אַלסדינג וואָס אין פעלד אונ אַפילו מיט דעם גאַנצען בלויען שטיק הימעל— דאָס אַלעס געהער צו מיר, איך בין דערויף דער איינציגער בעל־הבית,

און איך האָב דערויף צו שאַפֿען און ווייטער קיינער ניט, און ווי אַ מוּשל, וואָס איהם אַלעס געהערט און ער אויף אַלעס געוועלטיגט, הייבט זיך מיר אָן וועלען אַרויסבאַווייזען מיין מֶמְשָׁלָה, מיין כֹּחַ און מיין גבורה, אַלעס וואָס איך קאָן און וואָס איך וויל...

קודם כל געפֿעלט מיר ניט אָט דער לאַנגער דראָנג מיט דער געלער היטעל (דער סאָנישניק), וואָס בעקומט מיט אַמאָל ביי מיר אין די אייגען אַ פנים פון אַ שׂוֹנֵא, אַ מין גָלְיַת הַפְּלִשְׁתִּי, און די אַלע איבעריגע פלאַנצונגען מיט שטעקלעך און אָהן שטעקלעך (באָב און פאַסאָלים) — דאָס זענען לויטער שונאים, דאָס זענען די „פְּלִשְׁתִּים“, וואָס האָבען־זיך באַזעצט דאָ ביי מיר אויף מיין ערד, ווער האָט געשיקט נאָך זיי? און יענע נידעריגע, די גראָבע מיט די גרינע קוטשמעס, וואָס זיצען אַזוי געדעכט האַרט ביי דער עֶרד (קרויט), וואָס טהוען זיי דאָ די דאָזיגע קוטשמעס? זיי וועלען זיך נאָך אָנשכורן און מאַכען מיר אַיין אומגליק... לאָזען זיי געהן אין דער ערד אַריין — איך דאַרף זיי ניט! און בייזע מַחְשָׁבוֹת, ווילדע אינסטינקטען וואַכען אויף אין מיר, און אַ מאָדנער געפיהל פון נְקָמָה נעמט מיך אַרום דורך און דורך, און איך הויב זיך אָן נוקם זיין אין די שונאים — און נאָך ווי אַזוי נוקם זיין!...

געהאַט האָב איך מיט זיך אויף אָנצורייסען גרינס אויף שבועות מיט גענומען כלי זיין: אַ מעסערל מיט צווי קלינגלעך און אַשווערד, אפילו אַהילצערנע נאָר אַ שאַרפע.

די דאָזיגע שווערד איז ביי מיר פאַרבליבען פון „ל״ג בעומר“, און האָטש איך בין מיט איהר געגאַנגען ל״ג בעומר אויף מלחמה מיט מיינע איבריגע חברים אינטערען שטאָדט, פון דעסטוועגען קאָן

איך אייך שווערען (איהר מעגט מיר גלויבען אָהן אַ שבועה), אַז זי האָט ניט פֿאַרגאָסען קיין איין טראָפּען בלוט. דאָס איז געווען אַ כלי פון דעם כלי זיין, וואָס דאָס מיליטער טראָגט בשעת שלום. ס'איז טאַקי הייסט עס נישטאָ קיין שום סימן פון מלחמה, שטיל און רוהיג אַרום און ארום, נאָר גאָר נישט, גלאַט אַזוי, פון „דרך־שלום" וועגען, לאָזען זיך שטעהן צונעגרייט שווערטען, ביקסען, האַרמאַטען, קאַנאָנען, פערד, סאָלדאַטען — הלואי זאָל מען זיי ניט בעדאַרפען, ווי מיין מומע־עטיל פֿלעג זאָגען, בשעת זי האָט געפרעגעלט מאַלינעס...

## II.

דאָס איז ידוע איף דער גאַנצער וועלט, אַז בשעת מלחמה צילט מען זיך טרעפען דעם עלטערען, דעם אָפּיציער; דעם גענעראַל אַז מע קאָן טרעפען איז נאָך בעסער; דעמאָלט פאַלען שוין במילא די סאָלדאַטען אַזוי ווי שטרוי. דערפאַר וועט איך שוין קיין הדוש ניט זיין, וואָס איך בין צום אַלעם ערשטען אָנגעפאַלען איף דעם „גלית הפלשתי", איהם דערלאַנגט מיט דער שווערט אַ געשמאַקען האַק איבער'ן קאָפּ מיט דער געלער היטעל און היבשע עטליכע זעץ פון הינטען, — און דער רשע האָט זיך אויסגעצויגען ווי לאַנג ער איז פאַר מיינע פיס. נאָך איהם האָב איך אַנידערגעלעגט נאָך היבשע עטליכע געוואַגדע רשעים, די שטעקענס פון זייערע הענט ארויסגעריס'ן און פאַרוואָרפען צו אַלדע שוואַרצע יאָהר, און די נידעריגע, די גראָבע מיט די גרינע קנטשמעס האָב איך גענומען צו דער אַרבייט נאָר אויף איין אַנדער אופן; ווענען איך האָב געקאָנט, — האָב איך אַראָפּגענומען

די גרינע קוטשמע, אונ די איבריגע האָב איך געטראָטען מיט די פֿיס, געמאַלט פֿון זיי אַ תל עולם!

בשעת מלחמה, אַז דאָס בלוט צעהיצט זיך אונ מע געהט אַריין אין התפעלות, שניידט מען אויף וואָס די וועלט שטעהט. אַז מע האַלט ביי פֿערגיסען בלוט, פֿאַרלירט מען זיך אונ מע ווייסט ניט וואו מע איז אין דער וועלט. דעמאָלט לעגט מען נישט קיין כבוד אויף קיין עלטערם, מע קוקט נישט אויף קיין שהאַבע פרוי, מע האָט נישט קיין רחמנות אויף קיין קליינע קינדער, אונ בלוט, בלוט גיסט זיך אַזוי ווי וואַסער... איך, בשעת אָנפאַלען אויף דעם שונא, האָב נאָך נישט געפֿיהלט אין זיך אַזאַ כַּעַס מיט אַזאַ ברען, ווי נאָך די ערשטע עטליכע גוטע קלעפּ, וואס איך האב איינגעטיילט דעם שונא; נאָר וואָס ווייטער האָב איך מיר אַלץ מעהר געהיצט, זיך אַליין אונטער געגעבען אַלע מאָל מעהר הֵשֶׁק, אונ איך בין אַזוי אַריין אין דער אַרבייט איך בין געווען אין אַזאַ עקסטאַז, אַזאַ רציחה, אַז וואָס ס׳איז מיר געקומען פֿאַר די אויגען דאָס האָב איך געבראָכט, געשניטען אויף אַלע זייטען, אונ מעֶהר פֿון אַלעמען האָבען פֿון מיר געליטען געבאַך „קליינוואַרג״... די יונגע קיילעכיגע „אַרבוזלעך״, „קאַבאַקלעך״ מיט די גראָבע בייכלעך, די קליינע פיצלעך, אוגערעק־לעך, וואָס קריכען נאָר וואָס אַרויס פֿון דער גרינער „האָדענע״ מיט די געלע נאָפּילעך, זיי האָבען מיך צערייצט נאָר מיט זייער שטילשווי־גען אונ מיט זייער קאַלטקייט; אונ איך האָב זיי אַיינגעטיילט אַזוי, אַז זיי וועלען מיך האָבען צו געדענקען! איך האָב געהאַקט קעפּלעך, געשניטען בייכלעך, געריסען אויף דער האַלב, געבראָכט אויף שטיק־לעך, צעשלאָגען צעהאַרנ׳עט, געמזיקט אויף טויט, לאָז מיך אַזוי

וויסען שלעכטס ווי איך וויים, פון וואַנען עס האט זיך צו מיר גענומען אַזאַ רציחה: אומשולדיגע קאַרטאָפּלים נעבאַך, וואָס זענען געזעסען טיף אין דער ערד, האָב איך פון דער ערד אַרויס־געגראָבען און האָב זיי מוסר מודעה געווען, אַז פֿון מיר בעהאַלט מען זיך ניט!... יונגען קנאָבעל מיט גרינע ציבעלקעלעך האָב איך אַרויס־געריסען מיט'ן וואָר־צעל, רעטעכלעך זענען געפֿלויגען ביי מיר ווי די האַלעשקעס— און לאָז מיך גאָט שטראָפען אויב איך האָב גֶהְגֶה געווען אַפילו אַ שטיקל רעטיך. ווארום איך געדענק גאַנץ גוט פון דער מגילה די ווערטער: „וּבַבִּזָּה לֹא שָׁלְחוּ אֶת יָדָם"—ראַבעווען האָבען יודען ניט געראַבעוועט... און אַלע מינוט, אַז דער יצר־הרע איז געקומען צו מיר און מיך אָנגערעדט, איך זאָל געניסען אַ ציבעלקע, פֿאַרזוכען אַ קנעבעלקע, איז מיר דער פּסוק פֿון דער מגילה געקומען אַ קעגען מיט די ווערטער, מיט'ן טראָפּ און מיט דער נגינה: ובבזה לא שלחו את ידם!...—און איך האָב ניט אויפגעהערט צו שלאַגען, האַקען, בראָקען, מַזיק'ען, מְמִית'ען און שניידען אויף שטיקלעך יונג און אַלט, קליין און גרויס, אָרעם און רייך, אָהן אַ שִׁיעוּר וְהַמְנוּחָה!...

אדרבה, איך האָב מיר פֿאָרגעשטעלט, אז איך הער זייער שרייען מיט זייער וויינען מיט זייער בעטען זיך ביי מיר—און עס זאָל דאָס מיך אָנהויבען אַרען! מערקווירדיג—איך, וואָס האָב ניט געקאָנט זעהען ווי מע קוילעט איין עוף, ווי מע שמייסט אַ קאַץ, ווי מע באַליידיגט אַ הונט, ווי מע שלאָגט אַ פֿערד, זאָל איך זיין אַזאַ מין טיראַן, איין אַכְזָר?!... נְקָמָה! האָב איך אַפֿאַרשטורטער ניט אויפגעהערט צו שרייען—נקמה! איך וועל זיך מיט אייך אָפּרע־כענען פֿאַר יודיש בלוט! איך וועל אייך שוין באַצאָהלען פֿאַר ירושלים,

און פאר בֵּיתָר, און פאר די יודען אין שפּאַניע מיט פּאָרטוּגאַל, און פאר די יודען וואָס אין מאַראָקאָ, און אויך פֿאַר אונזערע וואָס אין אומאַן אַמאָל און וואָס אין אַנדערע ערטער אויך היינט... און פֿאַר די יודישע ספר תורה׳ס, וואָס מע האָט צעריסען און פֿאַר די....

אַי! אַי! אַי! גוואַלד! ראַטעוועט! ווער האַלט דאָס מיך פֿאַר׳ן אויער?

צוויי רעכטע סטוּסאַקעס פֿון אונטען און אַ פּאָר כּפול-שמונה׳דיגע פעטש פון פֿאָרינט האָבען מיך אין איין כְּהֶרֶף עַיִן אויסגעניכטערט און איך האָב דערזעהען פֿאַר זיך אַ באַקאַנטען פּאַרשוין, וואָס איך וואָלט געמעגט שווערען, אַז ס׳איז „אָהרים דער באַשטאַנשטשיק".

---

## III.

אָהרים דער באַשטאַנשטשיק האָט פֿון קדמונים געהאַלטען אַ „באַשטאַן", אַ גאָרטען, אָדער אַ „באַקטשי", ביי אונז אינטערען שטאָדט. דאָס הייסט ער האָט אָפּגעדונגען אַ דעסיאַטינע ערד און דאָרטען פֿאַר־פיהרט אַ גאָרטען, געזעצט קאַוועגעס און דיניעס, אוגערקעס און קאַר־טאָפֿלים, ציבעלעס און קנאָבעל און רעטעכלעך און שאָר ירקות, און געהאַט דערפֿון שען פרנסה. פון וואַנען האב איך געקענט אָהרימען? וויל ער האָט מיט אונז געהאַנדעלט, דאָס הייסט ער פלעג לייהען ביי מיין מאַמען געלד אַלע ערב פסח, און אַרום סוכות-צייט פלעג ער אָנהויבען ביסלעכוויז פֿונ׳ם פדיון איינצאָהלען, און דאָס געלד פֿלעג פֿאַרשריבען ווערען ביי דער מאַמען אין גראָבען סדור אויף דעם לינקען טאָוועל (דאָרט איז געווען איהר גאַנצע בוכהאַלטעריע) אין אַ זייט, אפּגעטראָטען פון אָהרימס וועגען אַ באַזונדער פלאַץ, אַ באַזונ־

דערע קאָנטע, אונ אָנגעצייכענט פון איבען מיט גרוסיע אותיות: השכון אָהרים, אונ נאָכדעם איז שוין געגאַנגען די השבועות: פון אָהרים אַקערביל, פון אהרים נאָך אַקערביל, פון אָהרים צוויי קערבלעך, פון אָהרים אַ האַלב קערבעל, פון אָהרים אַ זעקעל קאַרטאָפּליס, אונ אַזוי ווייטער... אונ האָטש די מאַמע איז געווען אַ יִדינע נישט קיין גביר'טע, איין אַלמנה מיט קינדער, אונ האָט געלעבט פון „פּראָצענט", נאָר ביי אָהרימען קיין פּראצענט האָט זיא ניט גענומען קיין מאָל: ער פלעג אונז צאָהלען מיט גאָרטענוואַרג, אַמאָל מעהר אַמאָל ווינציגער, מיר האָבען זיך מיט איהם קיין מאָל נישט געקריגט.

איז געווען אַ גערעט פלעג ער אַליין אָנשיטען אונז אַ פולען קעלער מיט קאַרטאָפּלים אונ מיט אוגערקעס איפ'ן גאַנצען ווינטער, אונ אַז ניט פלעג ער זיך אפּבעטען ביי דער מאַמע:

—ניע וויבאַטשאָי, אַווראומיכלאַ, באָ נע וורָאָדילאָ! דאָס הייסט: האָב קיין פּאַראיבל ניט, אברהמ'ס וויב, ס'איז ניט געראָטען; אונ די מאַמע פלעג איהם מוחל זיין דאָס מאָל אונ אָנזאָגען, אז אם ירצה השם אויפ'ן אַנדערען יאָהר זאָל ער ניט זיין קיין דָבָר אַחֵר. אונ טאַקי אַזוי פלעג זי איהם זאָגען (כְּהַאי לִישָׁנָא מַמָּש:

— ליאַדיזש, אָהרימא! סערדצע, יאַק באָה דאַסט נאַ טאָי האָד שאָב טי נע באָוו סווינִיאַ!..)

— דאָברע, אַווראומיכלאַ, דאָברע! — פלעג איהר אָהרים אָפּענטפערען אונ האַלטען וואָרט: די ערשטע גרינע ציבעלים מיט'ן ערשטען יונגען קנאָבעל האָט ער תמיד געבראַכט צו טראָגען אונז; די ערשטע יונגעטשקע קאַרטאָפּעלעך מיט די ערשטע גרינע אוגערקעס זענען תמיד געווען ביי אונז, גיכער ווי ביי די נגידים. אונ איך האָב ניט איין

מאָל געהערט פון אונזערע שְׁכֵנִים און שְׁכֵנִיטֶעס, אַז דער אלמנה איז גאָר ניט אַזוי שלעכט, ווי זי מאַכט דעם אָנשטעל. „זעהט נאר, מע טראָגט איהר אַריין אין שטוב פון כל טוב"... סע פערשטעהט זיך, אַז איך האָב דאָס באַלד אָפּגעטראָגען דער מאַמען אין אויהער אַריין, האָט זיי די מאַמע גוט אויסגעשאָלטען:

— זאָלען זיי אין די אויגען, שטיינער זיי אין האַרצען! ווער סע פאַרגינט מיר ניט, דער זאָל אַליין ניט האָבען! איך ווינש זיי איבער אַיאָהר אויף מיין שטיינער!

סע פאַרשטעהט זיך, אַז איך האָב באַלד איבערגעגעבען אונזערע שכניטעס, וואָס די מאַמע האָט זיי געווינשעוועט... סע פערשטעהט זיך, אַז פאַר אַזעלכע ווערטער זענען זיי געוועזן אויף דער מאַמע להרוג ולאבד און אָנגערופען זי מיט אַזאַ נאָמען, וואָס מיר איז געוועזן אחרפה צו הערען... סע פאַרשטעהט זיך, אַז מיך האָט דאָס פאַרדראָסען און איך האָב דאָס באַלד אָפּגעטראָגען דער מאַמען, האָט מיך די מאַמע מכבד געווען מיט צוויי פעטש און אָנגעזאָגט, איך זאָל אויפהערען אַרומטראָגען „שַׁלַח מָנוֹת" פון איינעם צום אַנדערען... פון די פּעטש האָב איך געוויינט, און דאָס וואָרט „שלח מנות" האָט מיר געפיקט אין מֹחַ: איך האָב ניט פאַרשטאַנען פאַר וואָס רופט זי דאָס עפּיס „שלח מנות"?

אַ יום טוב פלעג זיין ביי מיר, אַז איך פלעג דערזעהען פון דערווייטען אָהרימען מיט די גרויסע שטיוואלעס און מיט דער גראָבער ווייסער, וואַרעמער, וואָלענער סוויטע, וואָס ער האָט זי געטראָגען זומער און ווינטער. דערזעהען אָהרימען געהן, האָב איך געוואוסט, אַז דאָס טראָגט ער אונז אַפּולע פעלענע מיט גאָרטענוואַרג, און איך פלעג

לויפען אין קעך אנזאָגען דער מאַמע די בשורה, אז אָהרים איז געקומען.

---

## VI.

בכלל דאַרף איך מודה זיין, אַז צווישען מיר מיט אָהרימען איז געווען אַ מין ליבע אַ פאַרבאָרגענע, אַ מין סימפּאַטיע, וואָס מע קאָן זי ניט אַרויסגעבען אין ווערטער. גערעדט האָבען מיר צווישען זיך כמעט קיין מאָל ניט; ערשטענס דערפֿאַר, וואָס איך האָב ניט פֿאַר־שטאַנען זיין לשון אונ ער האָט ניט פֿאַרשטאַנען מיין לשון (דאָס הייסט איך איהם האָב פֿאַרשטאַנען, נאָר ער מיך מכּות!) אונ צווייטענס האָב איך מיך געשעמט; אַזאַ גרויסער אָהרים — ווי אַזוי רעדט מען מיט איהם? פלעג איך דאַרפען אָנקומען צו דער מאַמע, זי זאָל זיין צווישען אונז דער טאָלמאַש.

— מאַמע! פרעג איהם. פאר וואס ברענגט ער מיר ניט קיין ווײַנשעל?

— וואו זאָל ער דיר נעמען ווײַנשעל? אין אַ באַשטאַן איז ניטא קיין ווײַנשעל.

— למאי איז ניטאָ אין אַ באַשטאַן קיין ווײַנשעל?

— וואָרום אין אַ באַשטאַן וואַכסען ניט קיין ווײַנשעל־בוימער.

— למאי וואַכסען ניט אין אַבאַשקטאַן קיין ווײַשעל בוימער?

— למאי, למאי — דו ביזט אַ געשלייערטע שיקסע! מאכט צו מיר די מאַמע אונ ווארפט מיר אויף אַ פאַטש.

— אַווראומיכא, נע בעיי דעטינאַ! — מאכט צו איהר אָהרים

אוּנ שטעלט זיך אַיין פאר מיר.

אָט אַזאַ מין עֲרֵל איז געווען אָהרים אונ ביי איהם בין איך דאס געליגען אַצינד אין די הענט.

מיט'ן שֵׂכֶל בעדאַרף מען פאַרשטעהן, אַז ס'איז מן הסתם אַזוי געווען די מעשה: אָהרים, אַז ער איז אָנגעקומען אונ דערזעהען ביי זיך אויפ'ן באַשטאַן אַזאַ הורבן, האָט ער תּחלת באַדאַרפט ניט פאַרשטעהן וואָס טהוט זיך דאָ. דערזעהען אַזאַ נפש ווי איך אַרבייט מיט דער שווערט אויף אַלע זייטען, האָט אָהרים בעדאַרפט איבער־קלערען אויף מיר מי יודע וואָס:—אַ ניט־גוטער, אַ שרעטעלי, אַיין אָנשיקעניש, אונ האָט געוויס זיך איבערגעצלמ'ט עטליכע מאָל. נאָר נאָכדעם, אַז ער איז צוגעגאַנגען נעהנטער אונ דערזעהען, אַז דאָס אַרבייט אַזוי געטריי דוקא אַ יודיש יונגעל אונ דוקא מיט אַ הילצערנע שווערט, האָט ער מיך אָנגענומען ביים אויהער, נאָר אַזוי געשמאַק, אַז עס האט מיך צוגעצויגען צו דער ערד אונ איך האָב אָנגעהויבען שרייען ניט מיט מיין קול:

—אַי! אַי!! אַי!!! ווער ציהט דאָס מיך פאַר'ן אויהער?

ערשט הערט שפּעטער נאָך די רעכטע סטוסאָקעס אונ נאָך די אֶמת'ע פעטש, וואָס אָהרים האָט מיר אַיינגעטיילט האָבען מיר זיך באַגעגענט מיט די אויגען אונ האָבען זיך ביידע דערקענט איינס דאָס אַנדערע, אונ מיר זענען ביידע געווען איבערראַשט, געבליבען אָהן לשוֹן.

—אַווראַומיכענע דעטינאַ!?—האָט אָהרים אויסגעשריגען אונ האָט זיך איבערגעצלמ'ט, אונ האָט גענומען בעטראַכטען די היזקות, וואָס איך האָב איהם דאָ אָנגעאַרבייט. באַקוקט יעדע גראַדקע מיט

ִיטליכ'ס שטיקל ערד אונ עס האָט איהם אַזוי אָנגענומען ביים האַרצען, אַז עס האָבען זיך איהם נעשטעלט טרערען אין די אויגען. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַקעגען מיר צענויפגעלענט ביידע הענט ביי זיך אויפ'ן בויך אונ אַ פרעג געטאָהן מיך נאָר איין וואָרט:

— זאַ שטשאָ? — פאַר וואָס קומט דאָס מיר הייסט דאָס...

ערשט דאָ האָב איך צעקייט וואָס פאַר אַ התונה איך האָב אָנגעאַרבייט אונ וועמען איך האָב אַזוי שטאַרק גוֹרֵם הֶיזק געווען, אונ איך האָב זיך אַליין געפרעגט: „פאַר וואָס?" „פאַר וואָס?"......

— האָדים! — מאַכט צו מיר אָהרים אונ נעמט מיך אָן פאַר אַ האַנט אונ איך בייג זיך צו צו דער ערד פאַר שרעק, איך מיין אָט־אָט מאַכט ער פון מיר אַפּרעזשעניצע. נאָר אָהרים טשעפּעט מיך ניט; ער האַלט מיך נאָר שטאַרק פאַר דער האַנד, נאָר אַזוי שטאַרק, אַז עס שפּרינגען מיר די אויגען פונ'ם קאָפּ, אונ פיהרט מיך אָפּ אַהיים צו דער מאַמע אונ דערצעהלט איהר אויס אַלסדינג אונ גיט מיך איבער איהר איהרע הענט......

---

## V.

זאָל איך אייך דערצעהלען, וואָס איך האָב געהאַט פון דער מאַמע? זאָל איך אייך אויסמאָלען איהר שרעק מיט איהר כעס מיט איהר ברעכען די הענד, בשעת אָהרים האָט איהר איבערגעגעבען מיט אַלע פּישטשיוקעס דעם גאַנצען הורבן, וואָס איך האָב איהם אָנגעמאַכט אין באַשטאַן? אָהרים האָט זיך ניט געפּוילט, גענומען דעם שטעקען אונ באַוויזען מיט איהם דער מאַמע, ווי אַזוי איך האָב גע־

אַרבײט אַהער אונ אַהין אויף אַלע זײטען, ווי אַזוי איך האָב געהאַקט אונ געבראָקט אונ געשטאָכען אונ געטראָטען מיט די פיס אונ די קאַרטאָפּלים פון דער ערד אַרויסגעגראָבען אונ די האָדענע פון די אוגערקעלעך, נאָר וואָס אויסגעגאַנגענע אוגערקעלעך... אונ פאַר וואָס? פאַר ווען?

— זאַשטשאָ, אַזוראומיכאַ, זאַשטשאָ?...

מעהר האָט אָהרים ניט געקאָנט רעדען; עס האָבען זיך איהם אַפּנים געשטעלט די טרערען אין האַלז

דעם רעכטען אמת מוז איך אײך זאָגען, קינדער, איך וואָלט בעסער געוואָלט זײן געפּאַטשט פון אָהרימאָווס הענט, אײדער האָבען דאָס וואָס איך האָב געהאַט פון דער מאַמע פאַר שבועות אונ פונ׳ם רבין נאָך שבועות... הײנט די בזיונות, וואָס איך האָב נאָכדעם געהאַט אַ גאַנץ הײלעכיג יאָהר פון מײנע חברים אין חדר, וואָס האָבען מיר צוגעזעצט זעהר אַלײטישען נאָמען: „באַשטאַנטשיק“, „יוסיל באַשטאַנטשיק“!... דער דאָזיגער שענער נאָמען איז מיר פאַרבליבען העט־העט כמעט ביז דער חתונה...

אָט ווי אַזוי איך בין געגאַנגען רײסען גרינס אויף שבועות.



# רשימת ספרי „האור".

## א) ספרי למוד:

(מאושרים ע״י יעד המיניסטריום לשמוש בבתי ספר וחדרים) — ק

1) ראשית דעת. למוד תקריאה והכתיבה העברית. מאת ב. קרינסקי . . . . 30

2) הדבור העברי. חלק א. הספר הראשון אחר „האלף־בית". מאת הנ״ל . . 50

3) הדבור העברי. חלק ב. חריסתומתיה מלבבת ודקדוק מסודר. הנ״ל . . . 70

4) הדבור העברי. חלק ג. כנ״ל, (לשנות הלמודים השלישית והרביעית) . . . 1,10

5) תורה להינוקות. ספר בראשית. הפנים מסודר לרוח הילדים ונדפס באותיות גדולות ובסמני הקריאה. הרבה ציורים יפים. באור המלים והענין. לקוטים נבחרים מפירוש רש״י ופנינים מדברי אגדה. שאלות לשנון ותכניות לחנוכים שבכתב. מאת הנ״ל. . 60

6) אור תורה. חריסתומתיה ביבלית ותלמודית עם שיחות מלבבות בשפת עבר. . 40

7) מוסר היהדות. כנ״ל עם תרגום ז׳רגוני . . . . . . . . . . . 40

8) דת ישראל. ספר א׳ למוד הדת והמוסר עם תרגום רוסי. מאת הנ״ל. . . . 45

9) דת ישראל ספר ב׳. כנ״ל. (שני הספרים האלה מאושרים גם בעד בתי הספר הבינונים). 45

10) בית הספר להורת הכתיבה העברית. בשתי סריות. ד׳ מחברות בכל סריה. כל חוברת 5

11) בית הספר לתורת הכתיבה הרוסית. כתב אלכסוני ב13 חוברות, מחיר כל אחת 6

12) בית הספר לתורת הכתיבה הרוסית. כתב ישר ב10 חוברות, מחיר כ״א . . 6

## ב) ביבליותיקה „שעשועים" (ספרי מקרא לילדים).

1) בן הפריץ. אגדת עם. ע״פ מ. י. ביארברג . . . . . . . . . . 5

2) הגאון מוילנה. תולדותיו וחייו. י. שף . . . . . . . . . . 5

3) השבועה. ספור. בן אליעזר . . . . . . . . . . . . 5

4) הגליונות האדומים. ספור. יעקב שטיינבערג . . . . . . . . . 5

5) המלך הגאה. אגדה. דרושביטש. תרגום ל. סוקולוב . . . . . . . 5

6) הנשיקה. ספור. הנער הגנב. פואימה. יעקב שטינברג. . . . . . . 5

7—8) שירי ילדים. ז. שניאור . . . . . . . . . . . . 10

9) חוה היפה. ספור. ה. ד. נומברג . . . . . . . . . . . . 5

10) הנאהבים והנעימים. ספור. ש. אש . . . . . . . . . . . 5

## ג) ספרי מקרא לבני הנעורים:

(מצטינים בתכנם הפיוטי ובסגנונם הרענן).

1) פיליטיני הרצל. תרגום ד. פרישמאן . . . . . . . . . . . . 30

2) קבץ כפורים. מאת ש. אש . . . . . . . . . . . . . . 35

3) קבץ כפירים. מאת ה. ד. נומברג. . . . . . . . . . . . 30

4) קבץ ספורים. מאת א. רייזן . . . . . . . . . . . . . 35

## ד) לגדולים:

1) הדור. שנה שנית. בהוזלת המחיר מן 8 רו״כ לשני רו״כ. (פארטא 45 קאפ׳). 2,00

2) באורים והערות לתורה נביאים וכתובים. מאת ס. ליבשיץ . . . . . . 1,00

---

Издат. „ГАОРЪ", Варшава, Долгая 11

Verlag „HAOR" Warschau Długa 11

**וויכטיג פאר אווענד-שולען**

## עס איז ערשיענען פון דרוק

# דער יידיש-לעהרער

## פון מ. קרינסקי.

### ערשטער טייל.

**פריהערע ארויסגעגעבענע אויסגאבען**

**פיבעל** פאלשטענדיגער קורס צום ערלערנען לעזען און שרייבען יידיש און העברעאיש, מיט פיעל אילוסטראציעס.

**חרעסטאמאטיע** פיעל ערצעהלונגען, בעשרייבונגען און לידער פון די בעסטע יידישע שריפטשטעלער, און נאטען.

**בריעפענשטעלער** מוסטערן פון אלערליי בריעף, וואס ווערען פיעל גענוצט אין לעבען.

פרייז **40** קאפ'. פארטא 8 קאפ.

פאר אבאנענטען פון „ראטאנציישונג" פריי פארטא.

פערלאג „ביכער-פאר-אלע", ווארשע, דרונע 11. — טעלעפאן 60-87

פון דער

# גרויסער ביבליאָטעק

איז שוין ערשינענען פאָלגענדע ביכער:

| | | |
|---|---|---|
| 1) | ראָבינזאָן קרוזאָ. פון דער לעצטער אויסגאַבע (אילוסטרירט) . . . . . | 75 |
| 2) | אברהם רייזען: נייע ווערק. (ערצעהלונגען) . . | 100 |
| 3) | אברהם רייזען: לידער. . . . . . . . . | 100 |
| 4) | שלום אש: ארץ ישראל. (ערצעהלונגען) . . . | 60 |
| 5) | נח פרילוצקי: יידישע פאָלקסלידער. . . . | 100 |
| 6) | י. ם. ווייסענבערג: שריפטען. . . . . . . | 100 |
| 7) | דאָן קיכאָט. איבערזעצט פון ש. ז. וועצער . . | 70 |
| 8) | דער שווארצער ריטער. ל. שאפירא . . . . | 100 |
| 9) | אלכסנדר קאפעל: ערצעהלונגען און סקיצען. | 100 |
| 10) | דוד קאסעל: שריפטען. . . . . . . . . | 80 |
| 11) | יעקב שטיינבערג: שריפטען . . . . . . . | 100 |
| 12) | נ. טשאָרני: שריפטען . . . . . . . . . | 80 |

---

די דאָס שרייבען אויס די אלע דערמאָהנטע ביכער פאר טמאָל דירעקט דורכ'ן פערלאג, בעקומט'ן 15% ראבאט און פריי פארטע. זיך ווענדען נאָכ'ן אדרעס:

Издат. „Бихеръ-Фаръ-Алэ“, Варшава, Долгая 11